# אין לירישן געמיט

## לידער און פּאָעמעס

אַברהם־ישעיה קאָרבמאַן־חיט

אַרויסגעגעבן דורך די קינדער און אייניקלעך

מעקסיקע — 1972

# אונדזער טאַטע

עס ווילט זיך ניט גלייבן אַז מיר, די זין און די טאָכטער זאָלן מיט אַ מאָל דערזען דעם טאַטן אַזוי „יונג" 70 ווערן. עפּעס זיינען אַזוי גיך אַוועק די יאָרן.

די צייט ברענגט אַרויס אין אונדז אַ סך איבערלעבונגען פון אונדזער קינדהייט און יוגנט אין שייכות מיט טאַטע־מאַמע: ביידע זיינען זיי תמיד גרייט געווען אַרום אונדז צו באַפרידיקן אַלע אונדזערע באַדערפעניש סיי די פיזישע און סיי די עמאָציאָנעלע; דער טאַטע, פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג אין די געשעפטן, פלעגט שטענדיק — און אַפילו נאָך היינט זיין גרייט צו הערן דורכן טעלעפאָן וואָס מיר ווילן, וואָס מיר דאַרפן, וואָס הערט זיך אין שטוב, און קומענדיק אין שטוב איז זיין גאַנצע צייט געווען פאַרנומען צו זיין מיט די קינדער. וועגן אונדזער מאַמען פילן מיר נאָך ביז היינט די 24 שעהדיקע איבערגעגעבנקייט; איר לעבן איז נאָר געווען אָפּגעגעבן לטובת די קינדער.

אַ מאָל גיט זיך נאָך אַ טראַכט, אַז מיר, די נייע גענעראַציע, זיינען אַ סך מער עגאָיסטיש און מע גיט זיך ניט אָפּ אין דעם זינען. די פערזענלעכע אָפּגעגעבנקייט איז שטענ־

דיק געווען אַרומגערינגלט מיט אַלע וויכטיקע ווערטן, וואָס יעדער מענטש האָט מיט זיך. און מיר פֿילן, אַז צווישן די ווערטן וואָס טאַטע־מאַמע האָבן אונדז איבערגעגעבן דורך זייער האַלטונג וואַקסט אַרויס מער פֿון אַלעמען אונדזערע ייִדישקייט, באַשיידנקייט, און דער רעספּעקט צו די עלטערע דורות.

וואָס קען מען שענקען אַ טאַטן ווען ער ווערט יונג 70 יאָר? — די פּראָבלעם ווערט נאָך שטאַרקער, ווען מיר ווייסן זייער גוט, אַז דער טאַטע האָט קיין מאָל ניט געפּראָוועט קיין געבורטסטאָגן און דערצו נאָך איז ער בכלל אַזוי שטאַרק אַנטקעגן מתּנות בשײַכות צו אַזעלכע דאַטעס.

זייער אָפּט פּלעגט דער טאַטע ברענגען אַ געשריבענע קאָמפּאָזיציע צו אַן אייניקלס אַ געבוירן־טאָג, צו אַ גראַדויִר־רונג־פֿייערונג, ווענן באַציִונגען צווישן עלטערן און קינדער, וועגן דער מאַמעס קראַנקהייט אאַז"וו. יעדע איבערלעבונג האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט אָנצושרײַבן עפּעס פֿון זײַנע געפֿילן און שעפֿערישקייט.

מיר מיינען אַז אונדזער טאַטע איז עפּעס אַ פֿרוסטרירטער שרײַבער און איך בין זיכער, אַז אויב דאָס לעבן וואָלט געווען אַ לײַכטערס, אויב די ערשטע וועלט־מלחמה און זײַן יונג אַוועקפֿאָרן פֿון דער היים, וואָלט ניט איבערגעריסן זײַן לערנען, וואָלט ער געוויס געווען נענטער צו דער וועלט פֿון וויסנשאַפֿט און קונסט, ווי צו דער וועלט פֿון „ביזנעס", ווײַל ער האָט שטענדיק געפֿונען דעם מאָמענט אָנצושרײַבן עפּעס אַ קורצע זאַך, ווײַל עס האָט אים געצויגן צו דעם.

אין די אַלע שריפֿטן וואָס ער האָט געזאַמלט, האָבן מיר געפֿילט, אַז זיי מוזן פֿאַרבלײַבן ווי אַן אָנדענק פֿאַר אונדזער פֿאַמיליע און ספּעציעל פֿאַר אונדזערע קינדער. זיי שילדערן ניט נאָר געוויסע מאָמענטן פֿון מײַן טאַטנס לעבן נאָר זיי

זײַנען אַ טײל אויך פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט.
זיי זײַנען אַן אויסדרוק און קאָמוניקאַציע פון דורות.

מיר האָפן אויך, אַז דאָס וועט זײַן נישט נאָר אַ מתּנה פֿאַר דעם טאַטן נאָר אויך אַן אָנדענק פֿאַר דער גאַנצער משפּחה און אַ פײַנער מוסטער פאַר אונדזערע קינדער.

ראשע קאָרבמאַן-שײן

יצחק קאָרבמאַן

אהרן קאָרבמאַן

# מײַן זיידע אַברהם קאַרבמאַן

אַ סך מאָל האָב איך זיך אַליין געפֿרעגט פֿאַר וואָס איז מײַן זיידע אַזוי אַנדערש ווי מיר זײַנען. איך האָב עס קיין מאָל ניט פֿאַרשטאַנען ביז איך האָב עס אַליין געהערט דערציילן ווענן זײַן לעבן. איך האָב הונדערטער מאָל געהערט מעשׂיות אין שול וועגן אָרעמע מענטשן מיט שווערע לעבנס, אָבער איך האָב עס קיין מאָל ניט ריכטיק באַנומען, אַז דאָס איז אַ רעאַליטעט, און נאָך מערער אַז מײַן זיידע האָט אויך אַזוי שווער געלעבט אין זײַן יונגן לעבן. די נײַע גענעראַציע, די אייניקלעך האָבן אַזעלכע לײַכטע לעבנס; מען גיט אונדז אַלץ נאָך, און מער וויפֿל מיר דאַרפֿן, און ס׳איז זייער שווער, אַז מיר זאָלן גאָר טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן ווי מלחמות און גירושים פֿון שטעטלעך, און ענלעכע אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן, וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט. איך הער וועגן די זאַכן אין עס טוט מיך וויי, אָבער אַ סך מאָל, טראַכט איך, אַז איך קען זיך ניט פֿאַרשטעלן וואָס בכלל דאָס איז, אַז דאָס וואָס איך טראַכט, איז אפֿשר טויזנט מאָל ערגער, אָבער איך פֿיל עס, און איך באַוווּנדער אים, מײַן זיידן, דעם זיידן וואָס איז איצט מיט אונדז אין אַלע מאָמענטן, דעם זיידן וואָס קען אוועקגעבן זײַן לעבן פֿאַר יעדער איינעם פֿון אונדז; דעם זיידן וואָס האָט אונדז אַזוי ליב ווי מיר האָבן אים ליב און וועלכער איז נאָך איצט פֿאַר אונדז די בעסטע צײַט צו זאָגן „מײַן זיידע"; אַז אַפֿילו ווען מיר ווײַזן אָפֿט מאָל דאָס נישט

אַרוים, פֿילן מיר אָבער, ווי ער האָט אונדז ליב, אַזוי ווי מיר האָבן אים שטאַרק ליב. איך בין זיכער, אַז יעדער איינער פֿון אונדז האָט אים ליב אויף אונדזער פֿאַרעם, אויף אונד־זער יוגנטלעכער פֿאָרעם... און איצט, וואָס קען איך נאָך מער זאָגן? איך בין זיכער, אַז אונדזער זיידע וועט נאָך האָבן אַ סך גוטע יאָרן און וועט האָבן גרויסע פֿאַרגעניגנס פֿון זײַנע צען אייניקלעך. און יעדער איינער פֿון זיי וועט גיין אין זײַן ווײַטערדיקן וועג, אָבער... זיי וועלן גיין אין גוטן און פֿײַנעם וועג!

מזל טוב, זיידע!

דײַן אייניקל:

**חנה שיין**



דוד און אַברהם קאָרבמאַן

# מײַן טײַערער זײדע אַברהם קאַרבמאַן

מײַן זײדן האָב איך זײער ליב, ער איז דער טאַטע פֿון מײַן טאַטן. מיט אַ סך יאָרן צוריק איז דער זײדע געקומען פֿון ליטע, װען ער איז נאָך געװען זײער יונג. ער האָט שטענדיק ליב געהאַט צו דערצײלן אונדז אָפֿט מאָל אַ סך טרויעריקע געשיכטעס פֿון זײַן לעבן. אין זײַן אַלטער הײם אין ליטע האָט ער געלעבט זײער אָרעם.

װען ער איז געקומען קײן מעקסיקע, איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטן זײער שװער צו פֿאַרדינען אויף פּרנסה. ער איז אָבער געװען זײער שטאָלץ מיט זיך, װײַל מיט זײַנע אײגענע הענט האָט ער געאַרבעט אָרנטלעך און ער האָט זיך אַלײן אַרויפֿגעאַרבעט.

מײַן זײדע האָט זײַן גאַנץ לעבן געקעמפֿט אַ סך ביז ער האָט דערגרײכט אין זײַן לעבן דאָס װאָס ער האָט געװאָלט.

דער זײדע האָט זײער ליב זײַנע אײניקלעך אין שטענדיק זוכט ער אויס אַלע גוטע זאַכן פֿאַר אונדז. מיר האָבן אים אויך זײער ליב. דער זײדע איז זײער צוגעלאָזן צו אונדז. מיר קומט אויס, אַז ער איז גאָר דער בעסטער און אַנדערש פֿאַר די איבעריקע מענטשן. ער איז אַ פּאָעט, ער האָט ליב

צו שרייַבן שיינע פּאָעמעס און דערציילן אונדז אַ סך מע־שיות וועגן זײַן לעבן.

אָפּט מאָל ווער איך פֿאַרווּנדערט פֿון די לידער און מע־שׂהלעך וועגן די ייִדישע יום־טובים, ווײַל ער שרײַבט און דערציילט מיט אַ סך סענטימענטן.

דער טאַטע האָט מיר דערציילט, אַז דער זיידע שרײַבט אַ גאַנץ בוך. איך האָף אַז נאָך דעם בוך וועט ער נאָך אָנשרײַבן נאָך אַ שיינעם בוך. ער וועט שרײַבן און מיר וועלן געניסן פֿון די לידער און מעשׂהלעך.

דײַן אייניקל

אילנה קאָרבמאַן



דעם מחברס זיידע-באָבע און שוועסטער

(1904)



דעם מחברס מאַמע און ברודער דוד

(1912)

# אברהם־ישעיה קאַרבמאַן־הייט

## אויטאָביאָגראַפיע

איך בין געבאָרן געוואָרן אין 1902 אין אַ קליין שטעטל שעשויל, ווילנער גובערניע 14 קילאָמעטער פֿון ווילקאָמיר. דאָס שטעטל שעשויל מיט אַ באַפעלקערונג פֿון קנאַפּע 30 משפּחות. מײַן טאַטע ע״ה הירשע־מרדכי איז געווען אַן אַדמיניסטראַטאָר פֿון וואַלד וואָס מע גייט אויסהאַקן די ביימער. מײַן מאַמע ע״ה — אַ רבס אַ טאָכטער אַ שטוב־בעל־הביתטע. אין שטעטל איז אויך געווען אַ רבֿ און אויף צו מאַכן אַ לעבן האָט די רביצין געמוזט האָבן אַ קליין קרעמל. עס איז אויך געווען אין שטעטל אַ שוחט און 5 טעג אין וואָך האָט ער געהאַנדלט מיט תּבֿואה... כּמעט אַלע ייִדן האָבן געהאַט 2 פּראָפעסיעס. דער קצבֿ, דער שנײַדער, דער שוסטער, דער מולער, דער גלעזער, יעדער פֿון זיי איז אויך געווען אַ קליין־הענדלער.

מיר זײַנען געווען פֿינף זין און איין טאָכטער. אפֿרים, דוד, משה, בתיה־גיטל, איך און דער ייִנגסטער שמעון.

ווען מײַנע עלטערע ברידער זײַנען אונטערגעוואַקסן האָבן מײַנע עלטערן געמוזט זיך זוכן אַ תּכלית פֿאַר זיי און האָבן באַשלאָסן אַריבערצוקלײַבן זיך קיין ווילקאָמיר, מיטנעמענדיק אויך מיט זיך די איינציקע קו וואָס האָט געגעבן מילך פֿאַר דער גאַנצער פֿאַמיליע. איך געדענק, אַז דעם ערשטן שבת זײַענדיק אין דער נײַער שטאָט איז דער פּאַסטעך געקומען אַנזאָגן מײַן מאַמען, אַז אונדזער בהמה איז אַרײַן אין אַ זומפּ און מען האָט איר געמוזט אַרויסנעמען און

זי פֿאַרקויפֿן פֿאַר ניט קיין כשר פֿלייש. און אַזוי ווי פֿאַר דעם געלט האָט מען קיין אַנדערע ניט געקענט אָפּקויפֿן האָט מען זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ ציג. ס׳איז געווען אַ טרויער אין שטוב. מײַנע עלטערע ברידער זײַנען געוואָרן בעלי־מלאָכות און איינער איז אַוועק קיין ווילנע אין אַ ישיבֿה. איך האָב געלערנט אין דער שטאָטישער תּלמוד־תּורה. מיין לערער איז געווען ר׳ יודל קאַלטון. דערנאָך בין איך אַרײַן אין אַ ישיבֿה. דער ראש־הישיבֿה איז געווען ר׳ יצחק ברוידע.

1915, ערבֿ שבֿועות, אין ברען פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מען האָט גוזר געווען אַז אַלע ייִדן מוזן אין צוויי טעג פֿאַרלאָזן די קאָוונער גובערניע, האָט מײַן זיידע ע״ה אונדז צוגעשיקט צוויי פֿורן מיר זאָלן פֿאָרן קיין שעשויל. ווען מיר זײַנען שוין געווען אײַנגעפּאַקט צום פֿאָרן, איז מײַן טאַטע אַרײַן אין דער שול, וואָס איז געווען אַנטקעגן אונדזער הויז זיך געזעגענען מיט די ווענט און האָט באַמערקט אַז די אַכט ספֿר־תּורות זײַנען געבליבן, האָט ער זיי גלײַך גענומען און זיי אַרײַנגעלייגט אין וואָגן אַוועקצופֿירן און צופֿעליק האָט ער דערזען דעם רבֿ, ער האָט אים געפֿרעגט צי אויף דעם זעלביקן וואָגן קאָן ער אַרויפֿזעצן די קלענערע קינדער. דער רבֿ האָט גלײַך אים געזאָגט, אַז איר קאָנט טאָן אַזאַ הייליקע אַרבעט, מיטנעמען די ספֿר־תּורות, מעגט איר געוויס אַוועקזעצן אײַערע קינדער.

עטלעכע חדשים שפּעטער ווען דער פֿראָנט פֿון דער מלחמה האָט זיך דערנענטערט צו אונדז זײַנען מיר אַלע אַוועק קיין ווילנע. איך בין אַרײַן לערנען אין דער קצבֿישער ישיבֿה און דערנאָך ווען זי האָט זיך פֿאַרמאַכט, ביז איך אַרײַן אין דער ראמיילעס ישיבֿה. דער ראש הישיבֿה איז געווען רב צבֿי־הירש גראָדזענסקי ז״ל.

מײַן טאַטע האָט געוואָלט איך זאָל זײַן אַ רבֿ, — דער גרעסטער נחת פֿון אַ קינד אין יענע צײַטן. צו דרייצן יאָר ווער איך אַ יתום פֿון מײַן מאַמען און ס׳הייבן זיך אָן פֿאַר מיר די ביטערע שווערע צײַטן. עס איז געווען אין רעכטן ברען פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, הונגער־יאָרן, עלנט, פֿיל מאָל אויפֿן האַרטן באַנק געשלאָפֿן אין אַ קלויז אויפֿן שולהויף. דאָס אַלץ מאַכט מיר אין 1920 צו פֿאַרלאָזן ווילנע און אַוועקצוגיין צו פֿוס צו מײַן געבורטס־שטעטל שעשויל בײַ 60 קילאָמעטער, ווו מײַן באָבע, מײַן מאַמעס־מאַמע

האָט געוווינט. איך האָב געטאָן כל עבודת־פּרך און דעמאָלט געגאַנגען אין די דערבײַיִקע דערפֿער אויפֿצוקויפֿן וואָס ס'האָט זיך געמאַכט. איך האָב געפּרוווט צו ווערן אַ קצב און ווען איך האָב אַ מאָל געקויפֿט אַ קאַלב צו פֿאַרקויפֿן דאָס פֿלייש אין שטעטל און בײַם אָפּשינדן איז די פֿעל געבליבן אויף דעם פֿלייש און דאָס פֿלייש איז געבליבן אויף דער פֿעל מיט גרויסע לעכער. נאָכן אָפּזײַן דרײַ יאָר אין ליטע, האָב איך פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד מיט דער הילף פֿון מײַנעם אַ פֿעטער פֿון אַמעריקע און בין געפֿאָרן קיין מעקסיקע. און דאָ געפֿין איך זיך פֿון 1923. פֿינף יאָר שפּעטער איז געקומען צו מיר אויף איר אייגענע הוצאות פֿון ווילקאָמיר מײַן באַשערטע שרה־מרים, חיה און אונדזער חתונה איז פֿאָרגעקומען אין אַ קליין פּראָוויזאָריש שולכל אויף דער גאַס 5 דע מאַיאָ קוים בײַ אַ מנין געסט.

איצט פֿאַרמאָגן מיר גאָט צו דאַנקען אַ משפּחה, זאָלן געזונט זײַן, אַ בת־יחידה ראַשע פֿאַרהייראַט פֿאַר דעם דאָקטער מענדל (מאַקס) שיין. זיי האָבן דרײַ קינדער: אסתּר, חנה און בתיה. דער עלטערער זון — יצחק האָט חתונה געהאַט פֿאַר שיינדל דריכאַנסקי. זיי האָבן זייער פֿאַרמעגן פֿיר טעכטער. פֿייגע, אילנה, דזשעסיקאַ און לאורה. דער ייִנגערער זון אַהרן האָט חתונה געהאַט פֿאַר שׂרה ווײַנגאַרטן. זיי האָבן אַ בן־יחיד מנחם־מענדל אַ טאָכטער טויבע (סאַנדראַ) און די ייִנגסטע רבקה (סינטיאַ), אונדזערע קינדער האָבן געלערנט אין דער ייִדישער שול פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, ביז זיי זײַנען אַרײַן אין דעם נאַציאָנאַלן אוניווערסיטעט. די טאָכטער איז דאָקטער אין פּסיכאָלאָגיע אוןביידע זין זײַנען בוי־אינזשינערן. אַלע אייניקלעך גייען אין ייִדישע שולן. די עלטערע צוויי גייען אין דער תּרבות־שול. אַריבער 38 יאָר ווי איך האָב אַ אינדוסטריע פֿון דרוקעטיקעטן, ביידע זין זײַנען שותּפֿים און מיר אַרבעטן אַלע צוזאַמען און ס'הערשט בײַ אונדז שלוש מידות: **כבוד, שלום ואחדות.**



דער גרעסטער טייל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג פֿון שעשויל

# איכה ווילנע

— א —

וואָס דאַרפט איר זינגען פרעמדע לידער,
וואָס דאַרפט איר רייַסן אייַער קול?
לאָמיר זינגען אין איינעם, ברידער,
און טאַקע אַלע מיט אַ מאָל.

— ב —

זינט מיר זייַנען געוואָרן פאַרטריבן
פון אונדזער הייליקן לאַנד,
זייַנען מיר אַלע שקלאַפן פאַרבליבן
אין אונדזער שונאס האַנט.

— ג —

געאַרבעט טאָג און נאַכט
מיט אונדזערע לעצטע קרעפטן,
הייַנט האָבן זיי אַ שפּילכל געמאַכט
און צעראַבירט אונדזערע געשעפטן.

— ד —

אויף מאָרגן אַן אײנפּאַל-גאַר אַ נײַער,
וואָס די פּאָליאַקן האָבן באַקלערט,
אַז מע זאָל אַוועקלאָזן מיט פֿײַער
דאָס ייִדישע גוטס און ווערט.

— ה —

אַט לייענען מיר אין די בלעטער,
מיר זעען אַ שוואַרצן פּאַס;
זיי האָבן זיך געמאַכט אַ היתּר
און געמאַכט פֿון ייִדן אַש.

— ו —

אין לידע האָט מען געהרגעט, געשלאָגן,
געקוילעט מענטשן אָן אַ שיעור —
זיבן און דרײַסיק האָבן עס געקראָגן
לויט אַ פּריקאַז פֿון גלאַוונעם אָפֿיציר.

— ז —

איכה ישבֿה בדד „לידע”,
ווי האָט זי געקאָנט איבערטראָגן
אַזוינע גרויסע חבֿלי-לידה,
אַזוי פֿיל מענטשן צום טויט געשלאָגן.

— ח —

בכה תּבֿכּה „ווילנע” בלילה —
אַזאַ צרה האָט איר געטראָפֿן,
געקוילעט האָט מען אין אײן ווײַלע,
ווען אַלע זײַנען נאָך געשלאָפֿן.

— ט —

גלתה — פֿאַרטריבן, אין ליפּאָווקע יונגע לײַט,
פֿון געלעגער זיי צוגענומען,
אַוועקגעפֿירט אַן אַ זײַט —
וווּ זיי האָבן דעם טויט באַקומען.

— י —

דרכי „מינסק" דאַרפֿן דאָך קלאָגן
ווער נאָר עס גייט אויף איר;
די טויערן האָבן זיי צעשלאָגן,
און וויסט איז שוין כּל העיר.

— יא —

היו צריה קליינע מענטשן, אַנטיסעמיטן,
— יצאה ממינסק כּל הדרה! —
רעכטס און לינקס האָבן זיי געשניטן,
זיך ניט געריכט אויף אַזאַ צרה.

— יב —

זכרה דווינסק זייערע טײַערע טאַטן,
וואָס אין מינסק איז געווען;
האָט דווינסק געשטעלט גרויסע האַרמאַטן,
כּדי בײַ איר זאָל עס ניט געשען.

— יג —

חטא חטאה מינסק אויפֿן גאַנצן לעבן,
אַ זינד, וואָס האָט ניט קיין כּפּרה,
זי האָט אַ חבֿר אַ שטיקל ברויט געגעבן,
און דאָס האָט געשאַט אַן עין־הרע.

— יד —

ידו פרש צר אין אוקראַינע,
איז שוין כּל עמה נאנחים,
שפּילעכלעך געמאַכט גאָר פֿײַנע.
ממרום שלח אש — פֿון זייערע מלכים.

— טו —

זיי רײַסן גלײַך אויף די טירן און הײַזער,
ווי מערדער זיי זײַנען ווילד און שיכּור;
זויפֿן אָן רויבן אין שענקען און ברײַזער —
און מען שנײַדט שוין מענטשן אין שטיקער.

— טז —

על אלה איז ניט קיין ענד
וויפֿל מען האָט געטאָן ראַבירן
פּרשה אוקראַינע מיט אירע הענט,
אַז זי באַווײַזט ניט אַרויסצופֿירן.

— יז —

צדיק הוא מאַכנדיק אַזעלכע יאַרידן
אין דעם שיינעם חודש מאַרץ —
זיך אָנגעזעצט אויף אונדז יידן
און אין די טורמעס פֿאַרשפּאַרט.

— יח —

שמע פּילסודסקי וועגן אונדזער מפּלה,
שש־זײַנע פּאָליאַקן האָבן עס געמאַכט.
ער האָט ניט געקלערט וועגן הצלה —
זאָל ווערן צעשטערט זײַן מאַכט.

— יט —

פילסודסקי איז דער צווייטער טיטוס
בלבולים אויף יידן צו מאכן.
עס וועט אויך קומען זיין מפלה,
און דאן וועלן מיר לאכן.

— כ —

תבוא כל רעתם צו דיר, בורא,
ווי זיי האבן געפירט מיט אונדז מלחמה,
און זאל זיין ביי אונדז די ברירה
צו נעמען פון די שונאים נקמה.

ווילקאמיר, ליטע, 1920

# די ווינטמיל פון מיין שטעטל

די פליגלען באַוועגן זיך גיך מיט דעם ווינט —
דעמאָלט בין איך נאָך געווען גאָר אַ קליין קינד;
די גרויסע פליגלען, די גרויסע פיר,
מיט וווּנדער געקוקט האָבן אויף מיר.

ווען די מילשטיינער גיבן אַ דריי נאָך אַ דריי —
וועקט אַ פרייד, לויפן קערנער איינס און צוויי;
שיט זיך דאָס מעל כסדר אַראָפּ,
ניט באַנומען האָט נאָך מײַן קינדישער קאָפּ.

דער פויער וואַרט לעבן מיל בײַ דער שוועל,
ניט דערוואַרט זיך קען ער אויף דעם ווײַסן מעל;
דער קאָפּ ער פּאַלט אים ווי אַ שווערער ציגל,
דער ווינט, ער וויל ניט אָנהייבן דרייען די פליגל.

וואַרט דער פויער ביז גרויען מאָרגן,
און זײַן פּנים ווערט פול מיט צער און זאָרגן:
— וואָס איז שולדיק מײַן ווײַב, מײַן קינד,
נישטאָ קיין ברויט, עס בלאָזט ניט דער ווינט . . .

ווינט, איך וויל דיר העלפֿן שטאַרקער צו בלאָזן;
די כוחות, זיי זײַנען שוואַך, זיי טוען מיך פאַרלאָזן;
צי ביסטו שוין פאַרמאַטערט אויך אַזוי ווי איך?
צי דען ביסטו טאַקע אַלט געוואָרן אַזוי גיך?

איך בעט דיך, ווינט, ווידער העלפֿן דרייען די שטיינער,
זאָל דער פויער זיך דערפֿרייען ווי יעדער איינער;
זאָל דער נם געשען טאַקע גיך און באַלד,
און הילכן מיט פֿרייד זאָל דער בוים און וואַלד!

און אַט אײַלט ער זיך דער ווינט ווי איינער יעדער,
ווידער רוישן די פֿליגלען, עס דרייען ווידער די רעדער;
דער פויער זאָל שנעל און גיך גאָר פאַרגעסן,
שוין דאָ ברויט פאַר קינד און ווײַב געננג צום עסן.

צוויי עמיגראנטן אין מעקסיקע

# צוויי עמיגראַנטן אין מעקסיקע 1923

**(לויט דער מעלאָדיע פון דעם אַמאָליקן מעקסיקאַנער ליד „לאַ קאַסיטאַ").**

(שטעלט פאָר ווי איינער אַן עמיגראַנט אַ ליטוואַק, וואָס איז געקומען אין מעקסיקע מיט 3 יאָר צוריק. און טרעפט אין גאַס אַ פוילישן עמיגראַנט וואָס איז נאָר וואָס געקומען.)

**דער ליטוואַק פרעגט דעם פוילישן ייִדן.**

גוטער ברודער, פון וואַנען קומסטו?
דאָ אין מעקסיקע, וואָס טוסטו
אין דעם ווײַטן לאַנד אַליין?
זוכן גליקן געקומען אַהער
ווו עמיגראַנטן מאַכן אַ לעבן זייער שווער
און די זעלבע איז מיט מיר אַליין.

איך בין שוין דרײַ יאָר פון ליטע,
און אפשר אַ שעה פון „טעפיטאָ",
ווו הנאה האָב איך געהאַט:
אַ טעפל קאַפע מיט אַ גראָבער טאָרטיִע
האָב איך געפּאַקט אַ מציאה,
און מיט דערײַן געוואָרן זאַט.

אַבֿרהם־ישעיה קאַרבמאַן־חיים

## דער פּוילישער

איך קאָן דיר, ברודער, דערציילן
אַז איך קום אָן פֿון פּוילן
מיט אַ רײַכן אַפּעטיט,
אַפּעטיט צו מאַכן מזומן.
נאָך דערײַן בין איך געקומען,
און זיכער אַז מיר וועט גיין גוט.

איך האָב אָנזאָג פֿון מײַן טאַטן,
ניט האַנדלען מיט זאָקן און קראַוואַטן
און ניט שטיין אויפֿן „וואָלאַדאָר".
אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר מיטגענומען
און נאָך מסחר געקומען
פֿון וואָס דו ווייסט ניט גאָר.

## דער ליטוואַק

דו באַרימסט זיך מיט דײַנע מאות,
דערפֿאַר זאָגסטו מבֿינות און דעות,
און ניט אַלץ פּאַסט פֿאַר דיר.
איך בין שוין דרײַ יאָר אין לאַנד
אַלץ איז געווען בײַ מיר אין האַנט,
און הײַנט אָן הויזן גיי איך מיר.

מיט מיר האָט שוין אַלץ געטראָפֿן,
אין האָטעל „רעכים" געשלאָפֿן,
ווו אַלע נאַכט איז דאָרט אַ באַל.
הײַנט ליג איך אויף „אַקאַדעמיע"
שוין דרײַ יאָר איך וואַרט אויף דער פּרעמיע
פֿון דער „לאָטעריאַ נאַציאָנאַל".

אין לירישן געמיט

## דער פוילישער

וואָס דו דערציילסט נאָר דײַן ברײַע
איז צו נעמען ניט קיין ראיה,
ווייל דו ביסט קיין מאָל קיין סוחר געווען.
איך בין א סוחר פֿון פוילן,
געהאַנדלט מיט האָלץ און מיט קוילן
און טויזנטער זלאָטעס אַנגעזען.

איך מעג זיך פֿאַרגינען,
איך ווייס ווי צו פֿאַרדינען,
איך וועל האַנדלען פאַר „מאַיאַר".
איך האָב שוין געמאַכט א פלאַן
אין סאַנאַרא צו אין יוקאַטאַן
און דאַרף ניט זאָרגן גאָר.

## דער ליטוואַק

דו רעדסט זיך אײַן אומזיסט,
אַז דו ביסט א ספּעציאַליסט,
פֿון אַלעמען א סוחר דאָרט געווען.
אַזוינע מזחרים זוכט „טעפּיטאַ"
פֿאַר זיי איז דאָרט אַן אָרט א גוטער
אַלץ איז דאַ וואָס א אויג קאָן זען

אויב אַזוינע געשעפֿטן וועסטו פֿירן
ניט לאַנג וועסטו עקסיסטירן.
מיט דיין פֿאַנטאַזיע פאַר „מאַיאַר"
טאַ הער זיך אײַן מײַן עצה
אויב דו האָסט א געזונטע פּלייצע
טאַ נעם א פעקל און שטיי אויפֿן „וואַלאַדאַר".

מעקסיקאָ 1924

# אויף דער שיף

ס׳רייסט דער ים,
ס׳ווארפֿן די כוואליעס,
עס שלעפּט זיך אַ שיף
איבער געפֿערלעכע קאַנאַלן.

אָט זיץ איך אין שיף,
אויפֿן דעק, און טראַכט
אַ טאָג נאָך אַ טאָג,
אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט.

און אַלץ אַ טאָג וואָס ווייטער
פֿון מײַן אַלטן געפֿיל,
איז אַ טאָג וואָס נענטער
צו מײַן נײַעם ציל.

די פֿאַנטאַזיעס, זיי וואַקסן,
פֿון מינוט וואָס מער;
איך וועל האָבן טויזנטער,
טויזנטער, איך שווער.

כ׳וועל וואָס מיַין פֿעטער
דאָס זעלביקע טאָן:
פֿאַרקויפֿן פּייפּערס,
און דערנאָך אַ באַלעבאָס פֿון אַ מיליאָן.

נאָר אַט שטייט שוין די שיף,
אין אַמעריקע בין איך שוין דאָ.
פֿרעמד זיַינען מיר אַלע,
ניט קיין גוט־מאָרגן, ניט קיין ברוך־הבא.

די פֿאַנטאַזיע פֿון די פּייפּערס
איז טאַקע מקוים געוואָרן,
נאָר צו רעגירן איבער אַ מיליאָן
האָב איך שוין די האָפֿענונג פֿאַרלאָרן.

מעקסיקע 1924

# מע קען קיין חכם ניט זיין

געזונגען מיט דער מעלאָדיע „אַנטקעגן גאָט קען מען קיין חכם ניט זיין“

אַנטקעגן מעקסיקע קען מען קיין חכם ניט זײַן,
אין מעקסיקע דאַרף מען נאָר קיין יאָלד ניט זײַן.
קענסטו כאַפּן, ביסטו אַלרײַט,
און אַז ניט, ביסטו ניט קיין לײַט.

מײַן פֿרײַנד זלמן, פֿון גאַליציע אַליין,
מיט גרויסע פאות און אַ לאַנגער קאַפּאָטע
אין ברייטע שטיוול, אַ גאַנץ יאָר אַרומגיין
סײַ ווינטער, סײַ זומער אין בלאָטע.

דאָ, אין מעקסיקע, געוואָרן אַ פֿאַבריקאַנט.
אין פּאַלאַנקאַ — אַ „טריפּלעקס“. מיט אַ סך געלט
באַרימט ער זיך, אויך מיט זײַן טאַלאַנט.
דאָס ווײַב שפּילט קאַנאַסטאַ — פֿאַר זיי איז די וועלט.

און ווען איינער זאָל פֿרעגן: — פֿאַר וואָס?
דער תּירוץ פֿון דעם איז אָט דאָס:
אַנטקעגן מעקסיקע קען מען קיין חכם ניט זײַן,
אין מעקסיקע דאַרף מען נאָר קיין יאָלד ניט זײַן.

קאָנסטו דרייען, ביסטו דער גבֿיר,
און אַז ניט, טאָ שטיי בײַ דער טיר.
אין מעקסיקע דאַרף מען נאָר
קיין יאָלד ניט זײַן.

מײַן לאַנדסמאַן חיים קאָן איך פֿון פּוילן
פֿאַרן גרעסטן קבצן. ס'האָט געהאַט אַ נאָמען
זײַן ווײַב ביילע. זי פֿלעגט זיך ניט פֿוילן
צו פֿליקן פֿעדערן פֿאַרן גבֿיר ר' בנימין.

דאָ איז מעקסיקע איז ער גאַר
אַ גבאי אין שול און אַ מעמבער אין באַנק,
ער האָט אַ פֿאַבריק פֿון „ראָפּאַ-אינטעריאָר".
זײַן ווײַב פֿאָרט אין ראַטשעסטער כּלומרשט קראַנק.

און ווען איינער זאָל פֿרעגן: — פֿאַר וואָס?
דער תּירוץ פֿאַר דעם איז אָט דאָס:
אַנטקעגן מעקסיקע קען מען קיין חכם ניט זײַן,
אין מעקסיקע דאַרף מען נאָר קיין יאָלד ניט זײַן.

האָסטו געלט, ביסטו אויפֿן פֿערד,
און אַז ניט, ביסטו גאָרניט ווערט . . .
אין מעקסיקע דאַרף מען נאָר
קיין יאָלד ניט זײַן.

איינער א יונגערמאַן, ניט לאַנג א בחור געווען;
פֿון פֿאַרדינען קיין מאָל ניט געטראַכט.
ביי זיין טאַטן האָט ער קיין סענט ניט געזען —
א גביר איז ער געוואָרן איבער נאַכט.

כוליא דער קאַפּיטאַליסט, געזונט זאָל ער זיין,
געקויפֿט אים א „ביויק" און די טאָכטער פֿאַר א מתּנה.
די שוויגער טראָגט די „מאַנדאַדאָס" און שטוב אַריין,
דער איידעם זאָל זיין צופֿרידן, אַז ניט איז א סכּנה.

און ווען איינער זאָל פֿרעגן: — פֿאַר וואָס?
דער תּירוץ פֿאַר דעם איז אָט דאָס:
אנטקעגן מעקסיקע קען מען קיין חכם ניט זיין,
אין מעקסיקע דאַרף מען נאַר קיין יאָלד ניט זיין.

ביסטו פֿעיִק, איז פֿאַר דיר די וועלט,
אָן אַלטע מויד, אַבי מיט געלט.
אין מעקסיקע דאַרף מען נאַר
קיין יאָלד ניט זיין.

איך האָב מיט זיך אין מעקסיקע געבראַכט
פֿון ליטע א גרויסע סומע געלט
און דערביי ביי זיך געטראַכט,
אַז דאָ איז פֿאַר מיר די וועלט.

צו גרויסע געשעפֿטן האָב איך זיך גענומען,
און געשיינט האָבן פֿאַר מיר אוצרות גאָלד.
מיט א מאָל איז אַלץ אוועקגעשווומען
און איך בין געבליבן דער גרויסער יאָלד.

און ווען איינער זאָל פֿרעגן: פֿאַר וואָס?
דער תּירוץ פֿאַר דעם איז אָט דאָס:
אַנטקעגן מעקסיקע קען מען קיין חכם ניט זײַן,
אין מעקסיקע דאַרף מען נאָר קיין יאָלד ניט זײַן.

האָסטו מזל, ביסטו אויפֿן פֿערד,
און אַז ניט, ליגסטו אין דר'ערד...
אין מעקסיקע דאַרף מען נאָר
קיין יאָלד ניט זײַן.

# פֿאַר וואָס?

פֿאַר וואָס זאָל איך ניט קענען
לויפֿן, שפּרינגען ווי דער צווייטער?
פֿאַר וואָס זיץ איך און גיי ניט
אויף דער וועלט דער ברייטער?

פֿאַר וואָס לויפֿט מײַן חבֿר
און יאָגט זיך נאָך געלט?
ער דרייט, ער שווינדלט,
פֿאַר אים איז די וועלט.

ער זיצט אין ניו־יאָרק.
אין וואָל־סטריט.
ער שרײַבט די טשעקן
און וועגן צאָלן טראַכט ער ניט.

פֿאַר וואָס זאָל איך ניט
טאָן דאָס זעלבע וואָס יענער
שמוקלען שווינדלען
און אויסזען וואָס שענער?

אַבֿרהם־ישעיה קאָרבמאַן־חיית

וואָס נוצסטו מיר, דו הארץ,
צו הײַנטיקער וועלט?
דו שלאָפֿסט, דו חלומסט,
ווען עס קומט נאָר צו געלט.

אָט דו, מײַן חבֿר, פֿאַרקויף מיר דײַן הארץ;
כ׳זאָל אַ לעב טאָן כאָטש אויף אַ קורצער צײַט.
און אויב פֿאַרקויפֿן האָסטו ניט קיין חשק,
טאָ לאָמיר מאַכן כאָטש אויף אַ ווײַלע אַ בײַט.

ענטפֿערט מײַן חבֿר מיט שטאָלץ און צאָרן:
דיר געבן מײַן הארץ קיין מאָל אין לעבן,
ווײַל אַזוי ווי איך — וואָלסטו געוואָרן,
און ניט טראַכטן מיר אָפּצוגעבן.

דעם 1טן מאַרץ 1924. [מעקסיקאָ]

# יוגנט

יוגנט, דו ביסט אַ קורצע ציַיט געווען,
איך האָב דיך אַפילו ניט באַמערקט;
צי דען איז די יוגנט אַ מאָל ווען געווען?
ביַי מיר איז אַלץ געגאַנגען פאַרקערט!

מע זאָגט, אַז דו ביסט אַ „פריילעך שטיקל"
און אַז דו זעסט אויס ווי אַ ברילִיאַנט
ביַי מיר האָסטו ניט קיין ווערט קיין ניקל —
מיך אָוועקגעמאַכט האָסטו מיט דער האַנט!

מע זאָגט אויף דיר, זאַ דו מאַכסט גליקלעך,
שיין און הערלעך — פאַרברענגסט די ציַיט!
נאָר מיט מיר פראַוועסטו דיַינע שטיקלעך,
מיך האָסטו אין גאַנצן אויסגעמיַידט.

מיַינע יאָרן פאַרבראַכט אָן דיר,
צי האָב איך טאַקע זי אין גאַנצן פאַרשלאָפן?
אפשר איז גאָר געווען פאַרמאַכט מיַין טיר,
וואָס גיך אויף שנעל איז זי אַנטלאָפן!

אײַלסט מיך, שטופּסט מיר צו דער עלטער,
ביסט מײַן שונא גאָר קיין פֿרײַנד...
מיך ניט געוואַרעמט, נאָר געמאַכט קעלטער;
די קנײטשן פֿון מײַן פּנים זע איך הײַנט.

יוגנט, האָסט נאָר צרות מיך אָנגעטאָן,
געקוילעט מיך אָן אַ מעסער;
אפֿשר וועט די עלטער, וואָס קומט גיך אָן
ווערן מײַן פֿרײַנד און מיך באַהאַנדלען בעסער..

# לאָמיר מאַכן לחיים

לאָמיר מאַכן לחיים, פֿאַרזוכן אַלעס,
לכּבֿוד די חתנים און לכּבֿוד די כּלות!

הייבט אויף דעם כּוס, זײַט ניט קיין פֿוילע
און טרינקט לכּבֿוד דער באָבען פֿון סוכאָוואָליע!

טרינקט לחיים און מאַכט ניט קיין מהומות
לכּבֿוד טאַטעס, מאַמעס, פֿעטערס און מומעס!

וואָס מיר געלט, וואָס מיר מזומנים,
נאָך אַ גלעזל לכּבֿוד די מחותּנים!

ליטע, פּוילן, גאַליציע, אַן אינטערנאַציאָנאַלע משפּחה,
פֿאַר זייער געזונט לחיים ולבֿרכה.

ביאַליסטאָק, וואַרשע, סוכאָוואָליע און שעשויל,
וועגער, ראַסיין, נעמט עפּעס אין מויל.

שיינדל, יצחק, נעמי און איסאַק,
בערטאַ, אַבֿרהם — אַלע מיט איין קנאַק.

אַ ב ר ה ם ־ י ש ע י ה   ק אָ ר ב מ אַ ן ־ ח י י ם

די פֿרויען האָבן היינט די דעה,
נאָר ביים מאַן פֿארלאַנגט מען די מאה.

די מענער האלטן זיך גרויס, אַז אַך און וויי,
אַז זיי קומען אהיים, זיינען די ווייבער אוועק צו אַ „טיי”.

טרומאַן, אייזענהאַוער, גרויסע דיפּלאָמאַטן,
אַ חכמה זיין פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

בן־גוריון האָט מיט וואָס צו שטאָלצירן,
ער האָט געקענט אַ יידישע מדינה פּראָקלאַמירן.

דער ערשטער פֿון דער חתנים־גרופּע
וועט יצחק טיקטין גיין צו דער חופּה.

דריי כּלות און דריי אינזשענערן,
צוליב זיי טוען מיר מחותּנים ווערן.

טאָ זאָלן זיי זיין גליקלעך, און מיר צופֿרידן —
זאָל לעבן ישׂראל און אַלע יידן!

# וועך בין איך?

פריילעך, לוסטיק צו דער שולע גיכער,
יידיש, שפאניש, א פאק מיט ביכער —
גיי איך מיר אין קאלטן וועטער,
עפעס פארגעסן, טאקע דעם סוועטער.

קוים דעם קאמיאן דערכאפט,
אריין, און גלייך די טיר פארקלאפט.
רירט זיך דער קאמיאן און קרעכצעט אונטער,
באלד אנגעקומען און גלייך ארונטער.

מיין נאמען וועל איך אייך ניט זאגן.
אויב אויף די פלייצעס איר האט א קאפ —
נעמט די ערשטע אותיות פון אויבן אראפ.

געשריבן פון א יידן.

# מיינע אייניקלעך

— א —

איך האָב אַן אייניקל, אסתּר שיין,
איז זי טאַקע שיין און מלא־חן.
אַלע טאָג גייט זי גאַנץ פֿרי אין שול —
אַ פּאַק מיט ביכער, אַ טעקע פֿול.

זי רעדט ייִדיש, און עבֿרית וועט זי קענען,
לערנט זיך זייער גוט, בלויז אויף צענען.
קיין מאָל די לעקציעס ניט פֿאַרזאַמט —
איר צימער שטענדיק אויפֿגעראַמט.

זי לערנט זיך טאַנצן אין אַן „אַקאַדעמיע"
און האָט מזל צו געווינען אַ פּרעמיע.
אויף אַלץ האָט זי צײַט,
שטענדיק ביכער בײַ דער זײַט.

— ב —

פֿײגע קאַרבמאַן, מײַן אײניקל דאָס צװײטע,
מיט פֿײַנקײט, שײנקײט און חן באַגלײטע —
אַ גוט קינד צו איר טאַטע־מאַמען,
קלוג, געלאַסן, אַלע מעלות צוזאַמען.

לױפֿט צום אױטאָבוס גאַנץ פֿרי, באַגינען;
די ביכער, די העפֿטן — אַלץ האָט זי אין זינען.
צו מאָלן בילדער האָט זי טאַלאַנט,
איר קונסט איז בײַ אונדז אױף דער װאַנט.

הערינג, זױערס, צימעס און אױך אַ קנײדל —
האָט ליב ייִדישע עסנס — אַ טײַער מײדל.
איך װינטש די עלטערן נחת פֿון איר,
אױך, די זײדעס דרײַ און די באָבעס פֿיר.

פסח בײם סדר (1967)

# דער מאַמעס־טאָג

דער מאַמעס-טאָג געדענקט, איר, קינדער;
איר טאָג דאַרף זײַן יעדן טאָג פֿון יאָר
אַ פּערזאָן פֿון דער נאַטור, דער װוּנדער,
װאָס זײַן גלײַכן האָט ניט קײן פּאָר.

איז דען דאָ אַ װאָג צו קענען װעגן?
איז דען דאָ אַ מאָס דאָס צו מעסטן?
פֿאַר דײַן געזונט געלאָפֿן אין קעלט, אין רעגן.
אַלײן זיך ניט פֿאַרגונען, דיר דעם חלק דעם בעסטן.

טעג געזאָרגט, נעכט ניט געשלאָפֿן —
איר חלום איז נאָר איר קינד.
אירע בעסטע יאָרן זײַנען פֿאַרלאָפֿן —
ניט באַמערקט אַזױ גיך געשװינד.

חײַזם, אַז איר זײַט קינדער געטרײַע,
קלערט פֿון איר טאָג און נאַכט.
האָט איר נאָר אַ שטיקל צײַט אַ פֿרײַע,
לױפֿט זען די מאַמען, װאָס זי מאַכט!

אַבֿרהם־ישעיה קאָרבמאַן־חיים

אַ מאַמעס האַרץ, קינדער, פֿאַרשטייט,
איז פֿול מיט טראַכטן און מיט בענקען.
זייט פֿאַר איר שטענדיק גרייט
אַ שיינעם פּנים איר צו שענקען.

10טן מײַ 1968

# טענות צו זיך

פֿאַר וואָס פֿאַר יענעם אַלץ געטאָן,
זיך אַליין קיין גוטס ניט געטאָן?

פֿאַר וואָס איינעם געגעבן צדקה,
און אַ צווייטן געגעבן אַ הלואה?

פֿאַר וואָס יענער, פֿאַר וועמען איך האָב געטאָן זאָרגן,
טרעפֿט מיך און זאָגט מיר ניט קיין גוט-מאָרגן?

פֿאַר וואָס יענעם געטאָן טובֿות,
זיך אַליין פֿאַרבאָרגט, אָנגעמאַכט זיך חובֿות?

פֿאַר וואָס געלעבט אַליין, זיך ניט פֿאַרגונען!
יענעם געגעבן, און ער האָט נאָך אַליין גענומען?

פֿאַר וואָס פֿאַר זיך ניט געהאַט קיין צײַט,
יענעם געהאָלפֿן, געמאַכט אים פֿאַר אַ לײַט?

פֿאַר וואָס צו יענעם געגאַנגען, געלאָפֿן?
פֿון מיר אַליין די בעסטע יאָרן אַנטלאָפֿן.

פֿאַר וואָס האָב איך פֿאַרן צווייטן געאַרבעט מיטן מוח,
און איך אַליין בין געבליבן אָן געלט און אָן כּוח?

האָט מיר ווער באַצאָלט דערפֿאַר?
יענער איז דער חכם און איך דער נאַר.

פֿאַר וואָס, פֿאַר וואָס? — פֿרעג איך בײַ זיך,
צי דען האָט אַלץ זיך געביטן אַזוי גיך?

פֿאַר יענעם גערופֿן אַ דאָקטער, אַליין געוועזן קראַנק —
הײַנט איז יענער דער העלד, פֿאַר מיר אַפֿילו קיין דאַנק.

פֿאַר וואָס צו יענעמס שׂמחה אַ שיינע מתּנה,
און צו מײַן שמחה זע איך ניט קיין נשמה?

פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס זאָל זײַן אַזוי די וועלט,
אַז יענער לעבט גוט פֿאַר מײַן געלט?

געהאָט אַזוי פֿיל פֿרײַנד און הײַנט קיינער,
יענער עסט דאָס פֿלייש און איך — די ביינער.

צו פֿיל געגעבן — הײַנט דאָס איך פֿיל,
איך גיי צו פֿוס און יענער אין אַ טײַערן אויטאָמאָביל.

מעקסיקע 1940

# דער אַלטער בחור

לזכרון דעם גוטן פֿרײַנד ש. מ.

ערשט איצט האָב איך זיך אַרומגעזען
ווו זײַנען אַוועק מײַנע יאָרן?
גוואַלד! וואָס איז מיט מיר געשען?
אַן אַלטער בחור בין איך געוואָרן.

דאָ ניט לאַנג געשײַנט, געגלאַנצט.
מיידלעך אַרום מיר ווי די בינען;
יונגע ווײַבלעך מיט מיר געטאַנצט —
איצט קען איך זיי ניט מער געפֿינען.

ס'איז מיר מקנא, האָב איך געדענקט,
דער נאַר, וואָס האָט חתונה געהאַט;
און הײַנט — אוי! מיך קרענקט,
פֿאַר וואָס האָב איך ניט געזאָגט דעם „הרי־את?

דאָס מיידל, וואָס האָט געוואָלט מיך נעמען,
האָב איך מיט דער האַנט אַוועקגעמאַכט.
הײַנט טו איך פֿאַר איר זיך שעמען —
איר טאָכטערס חתונה איז הײַנט בײַ נאַכט.

אַז אַלטער בחור, אַז ער ווערט געבאָרן,
שטאַרבן דאַרף ער, ווען ער איז אַ קינד;
אויף דער עלטער ווערט ער איַינגעבראָכן.
זעט, ווי איך זע אוים אַצינד.

אַן אַלטער בחור, אוי, איך בין.
וואָס טויג מיר מײַן רײַכקייט, מײַן געלט;
איך בין ניט אַהער און ניט אַהין —
עלנט און אַליין אויף דער וועלט.

7טן דעצעמבער 1957

# מיאמי, מיאמי

פֿון ניו־יאָרק מײַנע קינדער האָבן מיך געשיקט,
ווײַל דאָרט, זאָגן זיי, איז פֿאַר מיר צו קאַלט —
זיי האָט דאָס מזל באַגליקט,
און איך בין פֿאַר זיי צו אַלט.

אוי, מיאַמי, דו ביסט דאָך אַ גן־עדן,
דײַן קלימאַט איז דאָך אַזוי גוט;
דאָ איז דאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן —
צו אַכציק יאָר איז יונג מײַן בלוט.

אוי, מיאַמי, דו באַווײַזט דאָך ווונדער —
אַן אַלמנה צו 75 הייבט אָן צו לעבן,
געשריבן קיין ניו־יאָרק צו אירע קינדער:
אַ נײַעם ברודערל האָפֿט זי זיי צו געבן.

אַ מלמד פֿון ברוקלין, קיין לעבן ניט געמאַכט,
אַ שלימזל פֿון ערשטן גראַד,
אין מיאַמי בײַם ביטש אַלע נאַכט,
כאַפּט אַ ווײַבל אָדער אַן אַלטע מאַד.

מיאַמי, מיאַמי, געזונט זאָלסטו זײַן
מיט דײַנע ווײַבלעך און אַלמנות —
מע לייגט דיר געלט אין קעשענע אַרײַן —
דאַרפֿסט נאָר האָבן אויף זיי רחמנות.

דאָ דער שדכן איז די לבנה,
די עדות זײַנען די שטערן.
אין לאָס־אַנדזשעלעס אַן אַלמנה —
דאָ קען זי אַ יונגע ווײַבל ווערן.

אַ הויכע, אַ קורצע, אַ דינע אַ גראָבע,
אַלע זײַנען אַ סחורה אויף מיאַמי־מאַרק —
אַ יונגע, אַן אַלטע — מעג זײַן אַ באָבע,
זעץ זיך נאָר אויף אַ באַנק אין פּאַרק.

מיאַמי, פּסח 1972

# לכבוד הנשיא לישראל — מר זלמן שזר,

# יחיה!

אני הקטן בעט ביי אייך מיר מוחל זיין פאר מיין בריוו צו אייך. אבער מיט פרייד פון מיין הארצן טו איך דאס, ווייל מיט אכט יאר צוריק, ווען איך האב געהאט דאס גליק צו באזוכן אונדזער הייליק לאנד, איז איינע פון מיינע גרעסטע פארגעניגנס געווען צו פארברענגען מיט אייך און הערן אייערע טייערע ווערטער ביי א שמחה, וואס מען האט איינגעארדנט אינו ירושלים ערב יום-העצמאות פאר געקומענע געסט פון חוץ-לארץ. און איצט, ווען איר פארנעמט דעם פאסטן „נשיא בישראל", פיל איך זיך מער שטאלץ, וואס איך בין א ייד, איך האב א ליד אנגעשריבן צום יום-העצמאות און איך שיק דאס אייך צו, איר זאלט זיין דער ערשטער עס צו לייענען. איך בין, חלילה, ניט קיין שרייבער נאר ס׳איז דער זכרון פון די יונגע יארן, ווען איך האב אין מיין יוגנט עברית געלערנט מיט 50 יאר צוריק אין ליטע און נאך דעם

אין ווילנע אין אַ ישיבֿה. זײַט מיר מוחל נאָך אַ מאָל, חשובֿער נשיא. איך האָב צו דעם קיין מוזיק ניט געמאַכט, ווײַל אין מוזיק בין איך אַ גוי גמור.

חי עם ישראל,

חי מדינת ישראל,

חי נשיא לישראל!

מיט ציון־גרוס

**אַברהם־ישעיה קאָרבמאַן־חיים**

# 16 יאָר מדינת־ישראל

אַ יום־טובֿ אַ גרויסער — צו אים ניט קיין גלײַך —
פֿאַר אַלע ייִדן, אָרעם און רײַך.
טאַנצט אין די גאַסן צו אונדזער גליק —
אַ מדינה געוואָרן מיט זיבעצן יאָר צוריק.

ישׂראל אייביק איר נאָמען וועט זײַן,
די ווײַס־בלויע פֿאָן איז אונדזער שײַן.
אַ פּרעזידענט, מיניסטאָרן, אַ פּאַרלאַמענט —
אַ פֿאָלק פֿון יושר אין מיטעלן־אָריענט.

זאָגט אָן דער וועלט מיט פֿרייד און שטאָלץ:
מיר זײַנען פֿון אײַזן, ניט פֿון האָלץ.
אין איין האַנט דער אַקער, אין דער צווייטער די שווערד;
די שׂונאים זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון אונדזער הייליקער ערד.

געשען איז דער נס פֿינף טעג אין חודש אייר.
ישׂראל זאָגט אָן אַלע ייִדן: — קומט צו מיר,
איך וועל אײַך באַשיצן, אײַער לעבן איז זיכער.
קום צו מיר, מײַן פֿאָלק, קום וואָס גיכער!

אַבֿרהם־ישעיה קאַרבמאַן־חיט

לאָמיר בלאָזן שופֿר, טרינקען לחיים
לכּבֿוד תל־אבֿיבֿ, חיפֿה און ירושלים!
די הייליקע ערטער פֿון אונדזערע אָבֿות־אבֿותינו
אויף אייביק וועלן זײַן אונדזערע במהרה בימינו.

מעקסיקע, ד״פ



OFFICE OF THE PRESIDENT OF ISRAEL

לשכת נשיא המדינה

ירושלים, ח' סיון תשכ"ד; 19 במאי 1964

מר קארבמאן הנכבד,

נתבקשתי על-ידי נשיא המדינה, מר זלמן שז"ר, לאשר בתודה קבלת מכתבך, מיום ד' בניסן תשכ"ד, בצרוף השיר שחיברת בשם "יאהר ישראל מלוכה", ולהודיעך כי קרא את תוכנם בענין.

בברכה מהנשיא

ובכבוד רב

דוד ברטוב
מנהל הלשכה

Mr. Abraham Korbman,
Av. Schiller 233-6,
Ap. Postal 2438,
Mexico 1. D. F.

# אַפּאָריזמען און וויצן

1. ליבע צו קינדער איז אַ נאַטור, ליבע צו עלטערן — אַ ווילן.

2. געלט מאַכט אוים קבצן — און אָפּט מאָל אויך אוים מענטש.

3. קריגן פֿרײַנד איז לײַכט, אײַנהאַלטן זיי איז שווער.

4. בעסער הערן וואָס יענער רעדט, איידער רעדן, וואָס איז גאָרנים ווערט.

5. אַלע יאָגן זיך נאָך געלט, נאָר זייער ווייניק מענטשן נעמען דעם ריכטיקן וועג.

6. אין דײַן געבאָרן ווערן האָסטו נים קיין שולד — אין טויט פֿיל מאָל יאָ.

7. גיב נים קיין עצות, ווען מע בעט נים בײַ דיר.

8. האַלט זיך נים פֿאַר קיין חכם, ווען דו ביסט גרויס — וועסטו נים זײַן קיין נאַר, ווען דו וועסט ווערן קליין.

9. אונדזערע געלערנטע זײַנען געװען די גרעסטע חכמים און נבֿיאים — דערפֿאַר האָבן זײ ניט אױסגעטראַכט די אַטאָמישע באָמבע־קראַפֿט.

10. יעדער אײנער קען פֿליִען צום הימל, מע דאַרף נאָר קענען אַרױס פֿון דער ערד.

11. צוזאָגן איז ביליק,
אױספֿירן איז טײַער.

12. דער אָרעמאַן איז אַ שעמעװדיקער,
דער גביר — אַ בעל־העזהניק.

13. יעדער אײנער זוכט פֿאַרשפּאָרן,
װען מען פֿרעגט אים זײַנע יאָרן.

14. מיט געלט קענסטו קױפֿן אַלץ
אָבער ניט קײן אמתע פֿרײַנד.

15. עלטערן האָבן מער דערפֿאַרונג אין לעבן,
דאַרפֿן זײ װיסן די דערציִונג די קינדער געבן.

16. איר זאָלט שטענדיק צו די קינדער רײדן,
מיט דער שפּראַך פֿון זײַער זײדן.

# איך וועל אייך דערציילן

## אַקדמות מילין

אַ. אַרומגעיאָגט האָט מען אונדז אין ליטע,
ב. ברכה האָבן מיר אין ישׂראל.

ג. גדלות און כּבֿוד האָבן מיר אין ישׂראל —
ד. דלות געהאַט אין ליטע.

ה. הנאה פֿון לעבן האָבן מיר אין ישׂראל,
ו. וואַנדערן האָבן מיר געטאָן אין ליטע.

ז. זינגען און טאַנצן טוט מען אין ישׂראל,
ח. חלשות געהאַט אין ליטע.

ט. טייטלען און פֿייגן עסט מען אין ישׂראל,
י. יסורים האָט מען געהאַט אין ליטע.

כּ. כּבֿוד און נחת האָבן מיר פֿון ישׂראל,
ל. להרוג ולאַבד איז געווען אין ליטע.

מ. מלוכה און אָרדענונג איז אין ישׂראל,
נ. נאַטשאַלניקעס, ימח־שמם, געהאַט אין ליטע.

ס. סאַמעט און זייַד טראָגט מען אין ישׂראל,
ע. עקספּלואַטירט האָט מען אונדז אין ליטע.

פּ. פּרעזידענט און דעפּוטאַטן האָבן מיר אין ישׂראל,
צ. צרות האָבן מיר געהאַט אין ליטע.

ק. קינדער און גרויסע לעבן גליקלעך אין ישׂראל,
ר. רוצחים און גזלנים געווען אין ליטע.

ש. שאַנדע און בזיון געהאַט אין ליטע,
ת. תּורה און חכמה האָבן מיר אין ישׂראל.

הומאָרעסקעס און מעדיטאַציעס

# איך וויל זיין קראַנק

[אַ מאָנאָלאָג פֿון אַן עלטערער פֿרוי]

ווען מיר זייַנען געווען יונג, און אונדזערע קינדער זייַנען נאָך געווען קליין, איז בייַ אונדז אין הויז געווען פֿריילעך און לוסטיק. די קינדער האָבן געטאַנצט, געשפּרונגען און אַלע טאָג געגאַנגען אין שול. שפּעטער, ווען זיי זייַנען גרעסער געוואָרן, זייַנען זיי אַרומגעגאַנגען מיט חבֿרים, מיט חבֿרטעס, און אין הויז איז געווען אַ פֿאַרגעניגן.

די צייַט גייט, און אָט האָבן מיר די ערשטע טאָכטער מיט מזל צו דער חופּה געפֿירט. מיר האָבן געמאַכט אַ חתונה מיט אַלע פּאָמפּעס, און אַלע געסט האָבן געווונטשן מזל-טובֿ. אין אַ קורצער צייַט אַרום האָבן מיר חתונה געמאַכט אונדזערע פֿיר קינדער. יעדן איינעם האָבן מיר אייַנגעאָרדנט מיט אַ שיינער וווינונג און מיט טייַערע מעבל. פֿרייַנד זייַנען אונדז מקנא געווען: איצטער, אַנשטאָט פֿיר קינדער וועלן דאָך אַרייַנקומען צו אייַך אַכט קינדער, די טירן וועלן זיך דאָך בייַ אייַך ניט פֿאַרמאַכן! אַזוי איז טאַקע געווען די ערשטע חדשים.

ס'איז אַוועק אַ ביסל צייַט. מיר זייַנען עלטער געוואָרן און מיר האָבן שוין, אַן עין-הרע, אייניקלעך, זאָלן געזונט זייַן,

אָבער די מיר בײַ אונדז אין הויז עפּנט זיך וואָס אַ מאָל אַלץ ווייניקער די איינציקע, וואָס קלאַפּן יעדן טאָג אין מיר, זײַנען: דער מאַן וואָס ברענגט מילך און דער בריווטרעגער וואָס ברענגט די צײַטונג. מײַן מאַן איז פֿאַרנומען אין געשעפֿט, און איך בלײַב אין שטוב אַליין דעם גאַנצן טאָג.

אין אָוונט, ווען מײַן מאַן קומט אַהיים, ווילן מיר צוגיין צו די קינדער. איך רוף אָפּ אויפֿן טעלעפֿאָן. זייער דינסט ענטפֿערט: „לאַ סעניאָרא נאָ עסטאַ ען לאַ קאַסאַ — זי איז אַוועק צו אַ געבורטסטאָג בײַ איר מאַנס שוועגערינס אַ קוזינע". איך קלינג צו דער צווייטער טאָכטער. זי איז אַוועק מיט אירער אַ חבֿרטע טרינקען אַ קאַווע אין „סאַנבאָרנס". איך רוף אָפּ אויפֿן טעלעפֿאָן די אייניקלעך. איינע איז אַוועק שפּילן פּיאַנאָ, די אַנדערע זײַנען אַוועק צו חבֿרים אָדער חבֿרטעס. בלײַבן מיר אַליין זיצן אין שטוב און וואַרטן; אפֿשר וועט אַ קינד אַרײַנקומען אָדער אויפֿן טעלעפֿאָן אָפּרופֿן. אַזוי גייען אַוועק טעג און וואָכן. מיר בלײַבן אַליין, עלנט — עס בענקט זיך צו זען אַ קינד אָדער אַן אייניקל.

און אָט, איין מאָל, האָט זיך געמאַכט, אַז איך בין קראַנק געוואָרן. מײַן מאַן קלינגט צו די קינדער אויפֿן טעלעפֿאָן, אַז די מאַמע איז קראַנק. עס דויערט ניט לאַנג, און אַלע קינדער שטייען שוין אַרום מיר. מע רופֿט גלײַך אַ דאָקטער. דער דאָקטער קומט, פֿאַרשרײַבט באַלד אַ מעדיצין און פֿאַראָרדנט מיר צו ליגן אין בעט דרײַ וואָכן צייט. די קינדער לויפֿן גלײַך אין אַפּטייק, מען גיט מיר די מעדיצין און מען פּאַסט מיר אויף. די שניר און אייניקלעך קלינגען אויפֿן טעלעפֿאָן: — „שוויגער, ווי פֿילט איר? היט זיך צו, גייט ניט אַראָפּ פֿון בעט!" איך ליג אין בעט ווי אַ פּריצטע און קלײַב נחת פֿון מײַן מאַן, ווי ער עסט דעם שאָקאָלאַד, וואָס מען האָט אַנגעבראַכט פֿאַר מיר.

עס זײַנען אַוועק די דרײַ וואָכן, איך פֿיל זיך בעסער און גיי אַראָפּ פֿון בעט. עס גייען אַוועק נאָך צוויי וואָכן, און די וויזיטן פֿון די קינדער ווערן זעלטענער. די טירן עפֿענען זיך ניט אַזוי אָפֿט ווי פֿריִער. עס ווערט אומעטיקער, און מע הייבט אָן ווידער צו בענקען.

בעט איך בײַם רבונו־של־עולם: „פֿאַרלאָז מיך ניט, שיק מיר צו פֿון צייט צו צייט אַ קרענק, כּדי איך זאָל זיך מחיה זײַן מיטן זען די קינדער, ווײַל אויב ניט, וועל איך אפֿשר קראַנק ווערן".

מעקסיקע, ד״פֿ 1966.

# יאָרן

## [הומאָרעסקע]

### [דערציילט פֿון אַ מיטעלער פֿרוי]

אויף דער וועלט זײַנען פֿאַראַן אַלערליי אַנשיקענישן מיט פֿאַרשיידענע נעמען, אָבער אַן אַנשיקעניש „יאָרן" האָב איך נאָך ניט געהערט. איך מוז זיך מודה זײַן אַז קיין 18-יאָריקע מיידל בין איך שוין ניט. מען דאַרף מיך ניט דערמאָנען אַלע ווײַלע דאָס וואָרט „יאָרן". אָט גיי איך אַרײַן אין אַ קליידער־געשעפֿט און בעט מיר ווײַזן אַ שיין קלייד. מע טראָגט מיר צו אַ קלייד און מען זאָגט מיר:

— „מאַדאַם, דאָס איז אַ קלייד צוגעפּאַסט צו אײַערע יאָרן!".

איר מעגט מיר גלייבן, אַז מיר איז געוואָרן אַזש ניט גוט און איך בין אַרויס פֿון געשעפֿט. אַזאַ חוצפּה, וואָס גייט זיי אָן מײַנע יאָרן?

איך בין אַרײַן אין אַ שוכגעשעפֿט און בעט אַ פּאָר שיך נומער 4. מע ברענגט מיר אַ פּאָר שיך נומער 4, אָבער איך זאָג, אַז די שיך טויגן ניט, ווײַל עס קוועטשט מיר אין אַ פֿוס. רופֿט זיך אָפּ דער פֿאַרקויפֿער:

— „מאַדאַם, איר דאַרפֿט אַ נומער 6, ווײַל אין אײַערע יאָרן דאַרפֿט איר טראָגן אַ לויזן שוך". איך האָב גוט אָנגע־זידלט דעם פֿאַרקויפֿער, איך האָב געבעטן שיך פֿאַר מײַנע פֿיס, ניט פֿאַר מײַנע יאָרן. איר הערט? אַזאַ פּאַסקודניאַק דאָס איז!

דאָ ניט לאַנג, ווען ס'האָט מיר גענומען ווײ טאָן אין אַ זײַט, בין איך אַוועק צום דאָקטער. ער האָרכט מיך אויס און זאָגט:

— „איך וועל אײַך פֿאַרשרײַבן אַ מעדיצין, ווי אַלט זײַט איר"?

גיב איך אַ געשריי:

— הער דאָקטער, איך דאַרף האָבן אַ מעדיצין פֿאַר מײַנע זײַטן, ניט פֿאַר מײַנע יאָרן!

מײַנע אַ גוטע באַקאַנטע זאָגט צו מיר:

— „מאַדאַם רעכינאַ", פֿאַר וואָס מאַכט איר ניט קיין לעבנס־פֿאַרזיכערונג? איר ווייסט דאָך, אַ מענטש דאַרף אַלץ האָבן. בקיצור, איך פֿאָלג איר און גיי אַוועק צו אַ פֿאַרזיכערונגס־געזעלשאַפֿט. מע נעמט מיך אויף אַ פֿאַרהער און מע פֿרעגט מיך אויס, ווי מײַן עלטער עלטער־באָבע הייסט און וואָס פֿאַר אַ קראַנקייט מײַן זיידע האָט געהאַט. צולעצט גיט מען מיך אַ פֿרעג:

— „מאַדאַם, וויפֿל יאָרן האָט איר?".

איר הערט? אַזוי ווי ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט, וואָס איך וויל זײַן נאָמען ניט דערמאָנען, בין איך באַלד גע־פֿאַלן אין חלשות און בין אַרויסגעלאָפֿן פֿון זייער אָפֿיס מיט אַ קלאַפּ אין טיר.

פֿרעג איך:

— וואָס האָבן אַלע זיך אָנגעזעצט אויף מײַנע יאָרן? איך זאָג אײַך: די יאָרן דערגייען מיר די יאָרן — מע קען לעבן און לעבן אָן יאָרן אויך.

איך גיי אַרײַן אין אַ סאַלאָן זיך אונטערשערן די האָר. דאָס מיידל זאָגט צו מיר: — „מאַדאַם, מיר האָבן נאָר וואָס באַקומען אַ קרעם, וואָס וועט אײַך אַראָפּנעמען אפשר 20 יאָר". איך זאָג אײַך, מע טאָר ניט אין קיין הויז ניט אַרײַנגיין. יעדער איינער נעמט זיך גלײַך צו מײַנע יאָרן. ווען איך באַגעגן אַ באַקאַנטן און באַגריס אים מיט אַ „גוט-מאָרגן", זאָגט ער מיר גלײַך „גוט-יאָר". וואָס האָט ער צו מײַנע יאָרן?

איך וואָלט געמאַכט אַ קאַלענדאַר, וואָס זיינער אַ חודש זאָל האָבן ניט ווייניקער ווי 100 טעג און פֿון 100 חדשים זאָל ערשט ווערן אַט דאָס, וואָס איך וויל פֿון מײַן מויל ניט אַרויסברענגען — אַ יאָר.

די וועלט וואָלט געהאַט אַ שענערן פּנים, ווען זי האָט ניט קיין יאָרן. ס'האָט געדאַרפֿט זײַן נאָר טעג און וואָכן און געננג!. ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס מען זאָגט אַ געבורטסטאָג און ניט אַ געבורטסיאָר.

אייגנטלעך, זײַנען דאָך יאָרן אַ קללה. דערפֿאַר זאָגט מען טאַקע: — ער דערגייט מיך די יאָרן.

אַ מענטש האָט געדאַרפֿט לעבן 14400 חדשים מיט עטלעכע וואָכן דערצו, אָבער יאָרן? ווער דאַרף די יאָרן? וואָס גיבן זיי צו?

איך בעט אײַך: ציילט ניט אײַערע יאָרן — קיין נוצן וועלן זיי אײַך ניט ברענגען, נאָר פֿאַרדראָס און ווייטיק. איך אליין האָב גאָרניט צו אײַערע יאָרן. איר זאָלט לעבן ביז 120 גוטע יאָר!

2טער יאַנואַר 1970

# דער 10טער מיי — דער מוטערטאָג

[הומאָרעסקע]

מאַדאַם בייגל רופט אָפּ אויפן טעלעפאָן איר שוועסטער, מאַדאַם קוכן:

— האַלאָ, ווער רעדט?

— דאָס בין איך, עובעניא.

— וואָס מאַכסטו, וואָס מאַכט העניר, די קינדער?

— אַ דאַנק, פיין, און ביי דיר וואָס מאַכט מען? און עדוּ-אַרדאָס פאַמיליע?

— אַ דאַנק, אַלע זיינען אָלרייט. איך האָב דיך גערופן צו פרעגן, וואָס מאַכט אונדזער מאַמע.

— איך ווייס אויך ניט, אָבער די פאַרגאַנגענע וואָך האָב איך אין סאַלאָן געטראָפן די פרוי לעקעך, וואָס וווינט די צווייטע טיר פון אונדזער מאַמען. האָט זי מיר אָפּגעגעבן אַ גרוס. דו ווייסט, מיין טייערע שוועסטער, מיר האָבן פאַרגעסן, אַז היינט איז דאָך דער 10טער מיי, דער טאָג פון די מאַמעס, מע דאַרף דאָך קויפן אַ מתנה פאַר דער מאַמען. וואָס קלערסטו צו קויפן פאַר איר?

— איך ווייס אַליין נישט. ווייסטו וואָס, מײַן שוועסטער, אַזוי ווי בײַ אונדז אין "לאַמאַס" איז נישטאָ קיין געשעפֿט, וואָלסטו, אפֿשר, געקויפֿט בײַ אײַך אין „פּאַלאַנקאַ" אַ מתּנה פֿון אונדז ביידן? איך וועל דיר באַצאָלן די העלפֿט פֿון דעם, וואָס דו וועסט אויסגעבן.

— גוט, איך וועל קויפֿן. וויפֿל, מיינסטו, זאָל איך אויסגעבן?

איך דענק אַ הונדערט פּעזאָס, ווײַל איצטער קען איך צו פֿיל נישט אויסגעבן.

איך האָב גראָד איצטער געביטן די טעפּיכער. דאָס האָט מיר געקאָסט פֿערציק טויזנט פּעזאָס, געפֿאַרבן די שטוב, אַרײַנגעפֿירט אַ נײַעם עסצימער און באַצאָלט פֿינף און צוואַנציק טויזנט פּעזאָס. יע, איך האָב גאָר פֿאַרגעסן, אַז איך האָב אָקערשט געקויפֿט אַ נײַעם טעלעוויזיע־אַפּאַראַט און דערצו געביטן די גאַרדינען.

— און איך, מײַן שוועסטער, רופֿט זיך אָפּ די צווייטע, האָב אויך געהאַט פּראָבלעמען. דאָ נישט לאַנג בין איך געקומען פֿון אַ רײַזע אין אייראָפּע. חוץ דעם האָב איך געביטן מײַן אויטאָמאָביל אויף אַ נײַעם מאָדעל, און דערצו האָב איך געהאַט די פֿאַרגאַנגענע וואָך 2 חתונות. האָב איך געמוזט זיך קויפֿן אַ נײַ קלייד פֿאַר קנאַפּע צוויי טויזנט פּעזאָס און מתּנות פֿאַר 1,500 פּעזאָס.

— זאָג מיר, מײַן שוועסטער, אויף וועלכע חתונות ביסטו דאָס געווען, אַז איך בין נישט געווען פֿאַרבעטן?

— איינע איז געווען בײַ מיינער אַ באַקאַנטער פֿרוי, וואָס וווינט לעבן מיר, האָט איר שוועגערינס אַ קוזינע חתונה געהאַט. די צווייטע איז מײַנע אַ חבֿרטע, מיט וועלכער מיר שפּילן יעדע וואָך אַ „קאַנאַסטאַ", איר מאַן אַרבעט אין אַ פֿאַבריק. אַ פּלימעניק פֿון באַלעבאָס פֿון דער פֿאַבריק האָט

חתונה געהאַט מיט אַ מיידל, וועמעס עלטערן איך קען ניט. איך האָב מײַן חבֿרטע ניט געקענט אָפּזאָגן, ווײַל שטענדיק, ווען מע שפּילט אַ קאָנאַסטע בײַ איר אין שטוב, וואָלסטו געמעגט זען, וואָס פֿאַר אַן אָונטבערויט זי גרייט צו. ווי איך האָב געהערט, נעמט זי אַלץ אין קרעמל אויף באַרג. ווען מע קומט צו איר מאָנען דעם חובֿ, זאָגט זי „לאַ סעמאַנאַ ענ־טראַנטע״ (די קומענדיקע וואָך). די דינסט זאָגט שוין אַליין דעם מענטשן „לאַ סעמאַנאַ ענטראַנטע״.

אַזוי ווי איר הערט, האָבן נעבעך ביידע אָרעמע שוועסטער באַשטימט צוזאַמען אויסצוגעבן פֿאַר דער מאַמען 100 פּעזעס. אָבער וואָס קויפֿט מען פֿאַר דער מאַמען, פֿרעגט די שוועסטער פֿון די טעפּעכער און זי דערציילט, אַז נעכטן איז זי געווען אין גרויסן געשעפֿט „פּאַלאַסיאָ דע היעראָ״. דאָרט האָט זי גע־קויפֿט פֿאַר זיך אַ דאַמען־בײַטל פֿאַר 600 פּעזעס. זי האָט דאָרט געזען אַן אויספֿאַרקויף פֿון דאַמען־בײַטלען צו 60 פּע־זעס אַ שטיק. דאָס איז גוט, זאָגט זי, פֿאַר דער מאַמען. דער־נאָך וועלן מיר פֿירן די מאַמען אין קינאָ און פֿון קינאָ אין אַ רעסטאָראַן צו טרינקען אַ קאַווע.

רופֿט זיך אָפּ די שוועסטער פֿון נײַעם אויטאָמאָביל:

— וואָס פֿאַר אַ פֿילם וועלן מיר מיט דער מאַמען זען אין קינאָ?

די מאַדאַם פֿון די טעפּיכער.

— די מאַמע זעט דאָך ניט פֿון דער ווײַטן און דערצו כאַפּט זי נאָך אַ דרעמל.

פֿון קינאָ וועלן מיר אַרײַנגיין אין אַ דערבײַיִקן רעסטאָראַן טרינקען אַ קאַווע. אַזוי וועט די מאַמע גוט פֿאַרברענגען דעם טאָג און זאָל זי פֿילן, אַז הײַנט איז דער מוטערטאָג.

# מזל־טוב

## זייט גליקלעך און צופֿרידן

### אַ בריוו צו אַ יונגן פֿרײַנד

יצחק און זײַן כּלה נעמי, זײַט גליקלעך. דאָס ווינטש איך אײַך פֿון גאַנצן האַרצן.

נאָר אַ פּאָר ווערטער צו דיר, יצחק. איך קאָן דיך נאָך פֿון יענער צײַט, ווען דו ביסט אַ קליין קינד געווען. איך בין אַן עדות, וואָס ווייסט, וויפֿל דײַנע עלטערן האָבן פֿאַר דיר געטאָן. פֿאַרגעס נישט, וויפֿל געזונט דײַן מאַמע האָט פֿאַרלאָרן דיך אויסצוהאָדעווען. ווען זי האָט דיך אין שול געדאַרפֿט שיקן, האָט זי שוין אַ נאַכט פֿריִער געטראַכט, וואָס זאָל זי צוגרייטן פֿאַר דיר צו עסן — וואָס פֿאַר אַ מאכל צו מאַכן פֿאַרן קינד, עס זאָל אים געפֿעלן ווערן. דערנאָך האָט זי געוואַרט אויפֿן אויטאָבוס, וואָס האָט דיך פֿון שול געדאַרפֿט ברענגען. דעמאָלט איז יעדע מינוט געווען בײַ איר אַ שעה. זי איז שעהען לאַנג געשטאַנען אין קיך און צוגעגרייט וואָס בעסערע עסנס פֿאַר דיר. מיט גרויס ליבשאַפֿט און פֿאַרגעניגן האָט זי דעם טעלער צום טיש צוגעטראָגן און געזאָגט:

— נאַ, עס, מײַן קינד!

דו פֿלעגסט פֿיל מאָל זאָגן:

— מאַמע, איך וויל עס ניט. דו האָסט ניט פֿאַרשטאַנען דעם ווייטיק, וואָס דײַנע ווערטער האָבן איר פֿאַרשאַפֿן. באַגינען פֿלעגט זי שוין לויפֿן אין בעקערײַ צו ברענגען אַ פֿריש ברויט פֿאַר איר בן־יחיד, אָבער דו פֿלעגסט איר באַצאָלן דערפֿאַר מיט די ווערטער:

— „מאַמאַ, עסטע פּאַן נאָ מע גוסטאַ" (מאַמע, דאָס ברויט געפֿעלט מיר נישט). פֿאַר זיך האָט זי זיך ניט פֿאַרגונען, אַלץ איז געווען טײַער פֿאַר איר, אָבער פֿאַר דיר איז אַלץ געווען ביליק. אָפֿט מאָל פֿלעגט זי אין אָוונט ניט וועלן גיין אין קינאָ, ווײַל עס האָט געקענט פּאַסירן, אַז דאָס קינד זאָל געבן אַ הוסט און מען וועט דאַרפֿן רופֿן אַ דאָקטער.

יצחק, דו פֿאַרלאָזסט דאָס הויז, אין וועלכן דו ביסט אויסגעוואַקסן. דײַן צימער ווערט ליידיק. שטעל זיך פֿאָר, ווי איר האַרץ וועט פֿילן יעדעס מאָל, ווען זי וועט אַרײַנגיין אין דײַן צימער אָדער זי וועט נאָר אַ קוק טאָן אויף אים — דו קענסט עס איצטער ניט באַגרײַפֿן.

אַזוי איז די וועלט און אַזוי איז דאָס לעבן. אָבער דו זע צו מאַכן אַזוי, אַז זי זאָל ניט פֿילן אַזוי שטאַרק איר ווייטיק. זאָלסט ניט פֿאַרגעסן צו קומען אָפֿט — וואָס אָפֿטער — זען די פּערזאָן, רעדן מיט דײַן מאַמען, וואָס איז די גרעסטע און הייליקסטע פּערזענלעכקייט אויף דער וועלט.

זאָל זי האָבן נחת פֿון דיר, זאָל איר האַרץ זיך היילן, לכל הפחות אַ ביסל, פֿון דעם, וואָס זי פֿילט מיט דײַן אַוועקגיין פֿון איר הויז. זי פֿלעגט זײַן אײַפֿערזיכטיק אויף יעדן מענטשן, מיט וועמען דו האָסט גערעדט — אויסער איר אַליין — אײַפֿערזיכטיק אויף דער שול, וואָס האָט אויף גאַנצע שעהען אַוועקגערויבט פֿון איר דאָס קינד. ווען זי פֿלעגט דיך באַגלייטן

ביים גיין אין שול, פֿלעגט זי ביים פֿאַרמאַכן די טיר אַ טרער אַרויסלאָזן, אָבער ביי דיין קומען צוריק פֿון דער שול פֿלעגט זי דיך מיט אַ שמייכל באַגעגענען. דעם שמייכל האָסטו געזען, אָבער די טרער קיין מאָל ניט. פֿאַר אַט דער טרער קען קיינער ניט באַצאָלן איר ווערט. אָבער עפּעס דאַרף מען דאָך צאָלן, כאָטש אַ מינימום. דערוויַיטער זיך ניט פֿון דיין מאַמען!

ווען דו וועסט אויף אַ וויַיטער רייזע זיך געפֿינען, זאָלסטו ניט פֿאַרגעסן אָפֿט צו שרייבן אַ בריוול צו דיין מאַמען. ווען דו וועסט קומען צוריק פֿון דער רייזע, וועסטו זיכער זען דיינע בריוו נאָס פֿון די טרערן, וואָס דיין מאַמע האָט אַרויסגעלאָזן ביים לייענען דיינע בריוו. אָט פֿאַר אַזאַ טרער איז ניטאָ קיין פּרייז, אָבער דיין גוטע באַציִונג קען עס גרינגער מאַכן.

אַ טאַטע איז אַ גרעסערער עקשן. ער וויל כּלומרשט זיך מאַכן העלדיש און אַרויסוויַיזן זיין שטאַרקן כאַראַקטער. ער וויַיזט ניט אַרויס זיין שוואַכקייט דורך טרערן, אָבער אויך ער לייַדט און איז סענטימענטאַל שוואַך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן קינדער. זיין טרער איז ניט אַזאַ אָפֿטע ווי דער מאַמעס טרער, וויַיל ער איז שטענדיק פֿאַרנומען און פֿאַרטומלט מיט זיין אַרבעט און מיט זיינע געשעפֿטן פֿון טאָג־טעגלעכן כאַראַקטער. דערפֿאַר, אָבער, איז ער אינעווייניק שטענדיק פֿאַרזאָרגט און פֿאַרבענקט. זיין געדאַנק דרייט זיך אַרום דער פֿראַגע וואָס צו טאָן פֿאַר די קינדער. אויך אָט די פֿערזאָן פֿאַרגעס ניט, יצחק, פֿאַרשטייט, וואָס עלטערן באַדייטן פֿאַר קינדער.

באַמי זיך צו דערפֿרייען זיי אין זייער אומעט. פֿאַרגעס ניט דעם אַדרעס פֿון דעם הייליקן טעמפּל — דאָס הויז פֿון טאַטע־מאַמע. קום אָפֿט צו זיי, רעד מיט זיי. דו מוזסט זיין

א ב ר ה ם ־ י ש ע י ה   ק א ר ב מ א ן ־ ח י י ם

אַן אָפּטער גאַסט בײַ זיי. זע, זיי זאָלן האָבן נחת פֿון דיר מיט דײַן פֿרוי, און בזכות זה וועט איר אם ירצה השם אויך האָבן נחת פֿון אײַערע קינדער.

מעקסיקע, ד״ּפ מאַרץ 1955.

אײַערע פֿרײַנד

אַברהם קאָרבמאַן און פֿאַמיליע

# צו מיין ווערן אַ בן־ששים

## טײַערע פֿרוי מײַנע, טײַערע קינדער און אייניקלעך,

## טײַערע חשובֿע מחותּנים און פֿרײַנד!

פֿאַראַן אַ ליד „וואָס געווען איז געווען און ניטאָ מער", אָבער דאָס איז נאָר אַ ליד. אין דער אמתן ווײַזט אונדז דאָס לעבן פּונקט דאָס פֿאַרקערטע.

גלײַך ווי איך בין געבאָרן געוואָרן. האָב איך געהערט, ווי ייִדן וויינען אויפֿן חורבן בית־המקדש. דאָס איז געווען 9 טעג אין אָבֿ. אָט דער תּשעה־באָבֿ איז אײַנגעקריצט אין די הערצער פֿון ייִדישן פֿאָלק שוין אַזוי פֿיל הונדערטער יאָרן. אָבער אָט דער תּשעה־באָב, אָט דער חורבן, האָט מיטגעהאָלפֿן, מיר זאָלן ווערן אַן עם קשה־עורף און ניט דערלאָזן, מיר זאָלן אונטערגיין. מיר האָבן געטראָגן אויף זיך דעם יאָך פֿון גלות, אונטערדריקונג, רדיפֿות און שחיטות. מען האָט אונדז געטריבן פֿון איין לאַנד אין צווייטן, אַ סך בושה אונדז פֿאַרשאַפֿט, אָבער שטענדיק זײַנען מיר געגאַנגען מיט שטאָלצע קעפּ, שטענדיק דערמאָנט דעם חורבן בית־המקדש, און — ווער ווייסט — ווען ניט אָט דער תּשעה־באָבֿ צי מיר וואָלטן הײַנט אַ פֿאָלק געווען. דערפֿאַר שטייט געשריבן, אַז דער טאָג תּשעה־

באַב וועט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ יום-טובֿ אויף אייביק, לעולם-ועד.

מײַנע טײַערע, הײַנט איז דער טאָג פֿון מײַן ווערן אַ בן־ששים. דעריבער טאָר איך ניט פֿאַרגעסן די יאָרן, וואָס זײַנען שוין אוועק. ווען איך בין אַלט געווען פֿינף יאָר, האָב איך געמוזט פֿאַרלאָזן מײַן קליין שטעטל שעשויל, ווו איך בין געבאָרן געוואָרן און געמוזט אוועקפֿאָרן אין אַ גרעסערער שטאָט ווילקאָמיר. מײַנע עלטערן, זכרונם לברכה, האָבן גע־זוכט אַ תכלית פֿאַר זייערע קינדער. צו דרײַצן יאָר, ווען איך האָב אָנגעהויבן לייגן תפֿילין, איז געשטאָרבן מײַן מו־טער ע״ה, און איך בין אַ יתום געוואָרן. איך האָב גערדאַרפֿט אַליין זאָרגן פֿאַר מײַן עקסיסטענץ. פֿון דעמאָלט אָן האָב איך זייער פֿיל דורכגעמאַכט, געליטן קעלט, הונגער, זיך געפֿילט עלנט און אויף אַ האַרטן באַנק געשלאָפֿן. אָפֿט מאָל פֿלעגט מיך אַ פֿאַרצווייפֿלונג אַרומכאַפּן, אָבער באַלד פֿלעגט מיר אַנטקעגנקומען דער טאָג פֿון מײַן געבורט, דער תשעה-באָב, און פֿלעגט זאָגן צו מיר: אַבֿרהם־ישעיה, געדענק, עס שטייט געשריבן „הזורעים בדמעה — ברנה יקצרו״ (די, וואָס זייען מיט טרערן, וועלן שנײַדן מיט געזאַנג), גיי ווײַטער, האָב געדולד — אָן לײַדן קען ניט זײַן קיין פֿרייד, אָן צרות קען ניט זײַן קיין נחמה. עס וועט קומען די צײַט, ווען דעם זעלבן טאָג פֿון חורבן וועט אויפֿגעשטעלט ווערן אַ נײַער בית־המקדש. דער זעלבער טאָג וועט בײַ דיר אַ יום־טובֿ זײַן. הײַנטיקע איך טאַקע, איך האָב דערלעבט, אַז דעם זעלבן טאָג שטייען אַרום מיר מײַן פֿרוי, קינדער און אייניקלעך, מחותנים און פֿרײַנד. ס׳איז כדאַי געווען צו לײַדן, אַלץ אויסצושטיין, כּדי איצטער צו זײַן אַזוי גליקלעך.

עס איז אַ גרויסער יום-טובֿ פֿאַר מיר. מײַן ווונטש צו אײַך, מײַנע מחותנים, איז: לאָמיר אויף אייביק זײַן מחותנים, און צו אײַך, מײַנע פֿרײַנד, אַז מיר זאָלן בלײַבן אייביקע פֿרײַנד.

און אײַך טײַערע קינדער און אייניקלעך, בעט איך אין נאָמען פֿון אײַער מאַמען און באָבען און אין מײַן אייגענעם נאָמען, אַז איר זאָלט שטענדיק זײַן גוטע קינדער און אייניקלעך. פֿאַרגעסט ניט, אַז אָן אײַער פֿרײַנדשאַפֿט זײַנען מיר אָרעם און עלנט, אָבער מיט אײַער פֿרײַנדשאַפֿט זײַנען מיר רײַך און גליקלעך. און אַזוי ווי עס שטייט געשריבן „כּרחם אָב על בנים", דאַרף אויך זײַן: „כּרחם בנים על אָבֿותיהם" פֿאַר אונדזער אַלעמענס געזונט און גליק. לאָמיר מאַכן אַ לחיים, זאָל לעבן דאָס ייִדישע פֿאָלק און לאַנד. אָמן.

מעקסיקע, 1962

# אינהאַלט

זײַט

זײַט

